## דוד איגנאטאָוו

# בערעל פראגער

געצייכענט פון ז. מאוד.

# בערעל פראגער.

אין דער שטאדט פראג איז אמאל געווען א גרויסער רב. דער רב איז געווען א גרויסער צדיק, און ווען ער פלעגט מחדש זיין די לבנה, פלעגן זיינע אויגען לייכטען מיט א גרויסער לויטערקייט, און זיין הויכער שטערן און זיין זילבערנע בארד פלעגן פינקלען אין דער נאכט מיט אזא כשוף־ליכט, וואס מען האט געקאנט זעהן פאר מיילען, ווייל ער איז געווען א גרויסער צדיק און א גרויסער בעל מופת.

איינער פון די פראגער אידען, וואס האט זעהר שטארק ליעב געהאט צו זיין איננאיינעם מיט'ן רב ביי קידוש לבנה, איז געווען בערעל פראגער — א דארער איד, א סוחר, וואס פלעגט אויספארען וועלטען.

איינמאל האט געטראפען, אז בערעל איז אוועק ערגעץ אין דער ווייטער וועלט אויף אזוי לאנג, אז

# בערעל פראַגער

מען האָט געמיינט, אַז ער איז ערגעץ פארפאַלען געוואָרען, צי הלילה דערטרונקען געוואָרען. נאָר ווען דער רב איז זיך אַמאָל געשטאַנען אין אַ אָנהויב־חודש'דיגער לבנה נאַכט אין מיטען מאַרק און האָט אינאיינעם מיט אַ גרויסער עדה אידען מחדש געווען די לבנה, האָבען אַלע מיט אַמאָל אויפגעהויבען די אויגען און דערזעהן — אַ מענש פליהט איבער'ן הימעל !...

דאָס איז פונקט געווען ביי די „שלום עליכם'ס". האָט דער רב אויפגעהויבען זיין ליכטיגען פנים און איבערגעשריען צום פליהענדיגען מענשען :

— שלום עליכם !

האָט דאָס דעם מענשען גלייך גענומען ציהען אַראָפּ, און ער איז אַראָפּגעפאַלען כמעט צום רב אין די הענט אַריין. און אַלע האָבען מיט שרעק דערזעהן, אַז דאָס איז בערעל פראַגער, דער דאַרער איד, דער סוחר.



און אַלע האָבען מיט שרעק דערזעהן, אַז דאָס איז בערעל פּראַגער, דער דאַרער איד, דער סוחר,

## אויפ'ן ים.

בערעל פראגער איז זיך געהאט געפאהרען איבער'ן ים מיט סחורה, וואס ער האט איינגעהאנדעלט אין ווייטע לענדער.

איין אויף-דערנאכט איז ער אזוי געשטאנען אויף דער שיף און געקוקט, ווי די פולע לבנה הויבט זיך אויף פון דעם מיטען ים, — ווי דער גאנצער ים נעהמט אלץ ווערען העלער און ליכטיגער, — און אזוי, ביז אלע וואסערן פון דעם ים האבען אויפגעשיינט מיט אזא גרויסען און ליכטיגען כח, ווי זיי וואלטען מיט אמאל אלע אינאיינעם גענומען זינגען שירה צו גאט — — —

פאלט דערביי בערלען איין:

— אט ערשט איצט קאן מען פארשטעהן די שענקייט פון אונזער רב ביי קידוש לבנה!... ווייל עס איז דאך, ווי דאס גאנצע איצטיגע ליכט פון דעם אויפגעשיינטען ים וואלט אין זיין פנים געלעגען...

און דערביי האָט זיך בערלען זעהר שטאַרק גענומען בענקען נאָכ'ן רב און נאָך זיין שטאָדט פראַג.

האָט ער זיך גענומען טרייסטען דערמיט, וואָס ער וועט, מיט גאָטס הילף, איינגיכען קומען אהיים, און צו דעם נייעם קידוש לבנה וועט ער שוין איה"ש זיין אינאיינעם מיט די אַנדערע פראַגער אידען לע־בען דעם רב זייערען.

האָט זיך אָבער אינמיטען דערינען ווייט ארויף, צווישען הימעל און וואַסער באַוויזען א וואָלקען, און נאָך דעם וואָלקען נאָך איינער און נאָך איינער, ביז די לבנה איז פאַרשטעלט געוואָרען, ביז דער הימעל איז געוואָרען פינסטער און שוואַרץ, ביז דער ים איז מיט אַמאָל געוואָרען ווילד און בייז און האָט זיך צו־רייצט מיט אַזאַ העלישען כעס, אַז ער האָט גענומען אויפשלאָגען זיינע כוואַליעס ביז'ן הימעל...

און אַזוי האָט זיך דער ים מיט אַמאָל גענומען ווילד טראָגען פון איין עק הימעל ביז'ן צווייטען. און דאָס שיף האָט גענומען פליהען און שפּרינגען פון איין וואַסער־באַרג אויפ'ן אַנדערען, ביז עס איז צעטרייסעלט און צעבראָכען געוואָרען אין שטיקער.

איין אויפדערנאַכט איז ער אזוי געשטאַנען אויף דער שיף און געקוקט, ווי די פולע לבנה הויבט זיך אויף פון דעם מיטען ים.

און אלע מענשען, וואס האבען זיך געפונען אויפ'ן שיף, זיינען אריינגעפאלען אין ים אריין.

בערעל פראגער האט אבער די גאנצע צייט אלץ ניט אויפגעהערט צו טראכטען, אז איהם וואלט זיך זעהר וועלען כאטש נאך איין מאל שטעהן מיט'ן רב ביי קידוש לבנה. האט איהם דערפאר גאט גע־האלפען, און ער האט זיך אנגעכאפט אן א ברעט. אן דעם ברעט האט זיך אנגעכאפט נאך איינער. דאס איז געווען א גרויסער, גראבער טערק. האט דער שטורעם זיי אזוי לאנג געטראגען איבער דעם פארשוימטען ים, ביז ער האט זיי ארויסגעווארפען אויף א ווייספע.



# דער גרויסער ריעז.

ליגען זיך אַזוי צוויי נאַסע מענשען אויף דער וויספע — דער גרויסער, גראָבער טערק און דער קליינער, דארער בערעל.

בערעל טראַכט :

— נו. וואָס וועט זיין ?...

און דער טערק טראַכט גאָרניט.

זאָגט בערעל צום טערק :

— אַ יאָ, מיר האָבען אַ גרויסען גאָט ?

זאָגט דער טערק אַ צומישטער :

— אַ ?... וואָס ?...

זאָגט בערעל :

— וואָס הייסט „אַ ? וואָס ?" — זעהסט דאָך, אַז ער האָט אונז געשענקט דאָס לעבען.

זאָגט דער טערק אַ צעשראָקענער :

— נו, וואָס וועט איצטער זיין ?...

— ענטפערט בערעל :

— וואָס הייסט „וואָס וועט איצטער זיין?"

— קום, וועלען מיר זוכען!

געהען זיי אַזוי ביידע אַרום אַ טאָג און אַ נאַכט, און נאָך אַ טאָג, און נאָך אַ נאַכט, און זיי זיינען שוין ביידע גוט הונגעריג און מיד, און זיי קאָנען זיך נאָך אַלץ ניט דערשלאָגען צו אַ מענשליכען ישוב.

ערשט אויפ'ן דריטען פאַרנאַכט הויבען זיי מיט אַמאָל אויף זייערע אויגען און דערזעהען פון דער ווייטען, אַז אין איין זייט פון דער ווילדער וויסטע זעצט זיך די גרויסע זון, און אין דער צווייטער זייט וויסטע הויבט זיך אויף די גרויסע לבנה, און אין מיטען, צווישען דער אויפגעהענדער לבנה און דער אונטערגעהענדער זון, שטעהט אַ פאַסטוך מיט אַ טשערעדע שאָף. — — —

דערפרעהען זיי זיך ביידע און לאָזען זיך גלייך אַנטקעגען דעם פאַסטוך מיט דער טשערעדע.

ווי נאָר אָבער זיי קומען אָן נאָהענט, דערזעהען זיי, אַז דער פאַסטוך איז אַ זעהר הויכער מענש, און אַז ער האָט נאָר איין אויג, און דאָס אויג שטעהט ביי איהם אויפ'ן סאַמע מיטען שטערען...

האָבען זיי זיך פאַר איהם דערשראָקען, ווייל זיי האָבען דאָך גלייך דערזעהן, אַז דאָס איז אַ ווילדער ריעז, אַ רוצח.

און זיי האָבען אודאי געוואָלט אַנטלויפען.

לאָזט זיי שוין אָבער דער ריעז ניט אַנטלויפען, נאָר ער נעהמט און זעצט זיי אַוועק נעבען זיך, ביז עס ווערט נאַכט.

און אַז עס איז געוואָרען נאַכט, האָט דער ריעז גענומען פּאַרטרייבען זיינע שאָף, האָט ער זיי אויך פאַרטריבען אינאיינעם מיט די שאָף אין אַ גרויסען הויף מיט אַ הויכען פּאַרקאַן און האָט הינטער זיך פאַרשלאָסען דעם טויער...

טראַכט בערעל:

— נו, וואָס וועט איצטער זיין?...

אין דער טערק טראַכט גאָרניט.

און דער ריעז מיט'ן איינציגען אויג אין מיטען שטערען נעהמט זיך ביי דעם שיין פון דער לבנה פאַנאַנדערלעגען אַ גרויס פייער.

און ווען דאָס פייער ברענט זיך פאַנאַנדער, נעהמט דער ריעז זיין שפּיז אין האַנד און גערט צו צו בערלען און גיט איהם אַ טאַפּ. — זעהט ער,



ווי נאָר אָבער זיי קומען צו, דערזעהען זיי אז דער פּאַסטוך איז נאָר אזא ווילדער ריעז, אַ רוצח, מיט איין אויג אין קאָפּ. און דאָס אויג שטעהט ביי איהם אויפ'ן סאַמע מיטען שטערן...

אַז בערעל איז דאַר, הויט און ביין, לאָזט ער איהם אָפּ און געהט צו צום טערק און גיט איהם אַ טאַפּ.
— זעהט ער, אַז דער טערק איז פעט און רויט — שטעכט ער איהם אַריין דעם שפּיז אין בויך און לעגט איהם אויפ'ן פייער בראָטען.

און דער ריעז האָט דעם טערק אָפּגעבראָטען, און האָט איהם אויפגעגעסען און האָט פאַרטרונקען מיט אַ פאַס ווייַן, און האָט זיך געלעגט שלאָפען.



## בערעל ווערט געהאָלפען.

און אז בערעל האָט דערזעהן, אז דער טערק איז שוין ניטאָ, איז אויף איהם אָנגעפאלען אַ גרוי-סער שרעק.

זיצט ער אַזוי צווישען די שאָף און טראַכט:

— סטייטש, איך האָב דאָך אין דער היים אַ ווייב מיט קינדער, וואָס וועט פון זיי איצטער ווערען! ?... און דערצו ווילט זיך מיר דאָך אַזוי שטאַרק באַטש נאָך איינמאָל זעהן אונזער הייליגען רב ביי קידוש לבנה...

און ווי נאָר בערעל טראַכט אַזוי, קומט איהם אין קאָפּ אַזאַ רעיון:

— אַזוי ווי דער ריעז האָט זיך אָנגעגעסען און אָנגעטרונקען מיט אַזוי פיעל ויין, שלאָפט ער דאָך איצט געשמאַק, איז צו וואָס זאָל איך, בערעל פראַגער, איצט זיצען צווישען די שאָף, ווי אַ באָק,

און ווארטען, ביז ער וועט זיך אויפכאפען און וועט מיך אויך אפבראטען ? !...

און בערעל האט זיך מיט אמאל אויפגעהויבען פון צווישען די שאף און איז צוגעגאנגען און האט אנגענומען דעם ריעזם שפיז און האט איהם אריינ־געלעגט אין דעם ברענענדיגען פייער.

און ווען דער שפיז איז געווארען שטארק רויט, האט ער איהם ארויסגענומען פון דעם פייער. דער שפיז האט געברענט אין זיינע הענט, ווי אן אנגעצונדעטער. און ער האט דערביי אויפגעהוי־בען זיינע אויגען צו דער לבנה און אזוי געזאגט:

גאטעניו, איך בין בערעל פראגער. איך האב דאך אזוי פיעל מאל מחדש געווען דיין לבנה אינ־איינעם מיט אונזער הייליגען רב, און איך וויל זי אויך ווייטער מחדש זיין. העלף מיר נאר איצט פון די הענט פון דעם ריעז, דעם רוצח מיט'ן איין אויג אין שטערען, וואס האט ליעב צו עסען גע־בראטענע מענשען!

און ווי נאר בערעל האט דאס אפגעזאגט, האט ער זיך גלייך דערפיהלט זעהר שטארק, און ער האט אנגענומען דעם שפיז און האט זיין צו־

גליהטען שפּיץ אַריינגעשטאָכען אין דעם ריעזס אויג אַריין.

האָט זיך דער ריעז אויפגעכאַפּט מיט אַ גרויס געשריי און זיך גענומען אַרוימלויפען איבער'ן הויף צו כאַפּען בערלען.

בערעל אָבער האָט זיך באַהאַלטען צווישען די שאָף. און דער ריעז איז דאָך שוין געווען בלינד, האָט ער איהם ניט געקאָנט זעהן.

ווען דער ריעז האָט דערפיהלט, אַז ס'איז שלעכט, איז ער געפאַלען אויף אַ המצאה, — ער איז צוגעגאַנגען און האָט געעפענט דעם טויער און גענומען אַרויסלאָזען די שאָף.

די שאָף האָט דער בלינדער רוצח אַרויסגע־לאָזען איינציגווייז, און אַליין איז ער די גאַנצע צייט געשטאַנען לעבען טויער און געטאַפּט מיט זיינע גרויסע הענט אין דער לופט איבער די שאָף, כדי טאָמער קומט איינאיינער מיט די שאָף אויך אָן בערעל, זאָל ער איהם קאָנען כאַפּען און דערוואר־גען.

דערזעהט בערעל אַז ס'איז שלעכט. הויבט ער אויף זיינע הענט צום הימעל:

— סטייטש, גאָט, דו האָסט מיר געהאָלפען ביז איצט, טאָ העלף־זשע מיר אויך ווייטער!

און ווי נאָר בערעל האָט דאָס אָפּגעזאָגט, אַזוי איז איהם גלייך געקומען אין קאָפּ אַזאַ רעיון:

— די שאָף זיינען דאָך זעהר גרויסע, און זיי זיינען באַוואַקסען מיט לאַנגע האָר!...

און בערעל נעהמט און לעגט זיך אַרונטער אונטער דעם בויך פון אַ גרויסער שאָף און האַלט זיך אָן אָן איהרע לאַנגע האָר, און ער נעהמט מיט זיך אויך מיט דעם ריעזס שפּיז און אַ ברויט צום עסען.

געהט די שאָף און טראָגט איהם אַרויס פון טויער אינאיינעם מיט'ן ברויט און מיט'ן שפּיז.

און אַז בערעל פראַגער איז אַרויס פון טויער, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אויף די פיס און האָט גענומען לויפען, וואוהין נאָר די אויגען האָבען גע־טראָגען.



## די ווייסע שאָף.

אָבער ווי נאָר בערעל איז אַזוי געלאָפּען פון דעם ריעז, מיט'ן שפּיז אין איין האַנד און מיט'ן ברויט אונטער דער אַנדער האַנד, האָט ער דערזעהן פון דער ווייטען, ווי עס לויפט אַ קלאָר ווייסע שאָף, און נאָך איהר יאָגט זיך נאָך אַ ווילדער פּאַנדול.

דער פּאַנדול האָט געהאַט אַ קאָפּ פון אַ חזיר און הערנער פון אַן אָקס. און אַ פייער האָט גע־זעצט פון זיין ווילדען מויל און פון זיינע ווילדע נאָזלעכער.

דער פּאַנדול איז שוואַרץ און פינסטער, און די שאָף איז ווייס, אַזוי ווייס, אַז אַזאַ ווייסקייט האָט מען נאָך גאָר אויף דער וועלט ניט געזעהן. און דער פּאַנדול וויל ניט אַנדערש, ווי פאַרצוקען די קלאָר־ווייסע שאָף...

איז בערעל געבליבען שטעהן און גענומען קו־



אין אז די שאף האט איהם דערזעהן, האט זי גלייך גענומען לויפען
צו איהם. און דער בייזער פאנדול נאך איהר...

קען צו דער שאָף מיט שרעק, — ווייל אָט, אָט — און דער פּאנדול וועט אָניאָגען די שאָף.

ווי נאָר אָבער בערעל פראגער האָט אַזוי גע-נומען קוקען צו דער שאָף, האָט די שאָף איהם דערזעהן...

און אַז די שאָף האָט איהם דערזעהן, האָט זי גלייך גענומען לויפען צו איהם, און דער בייזער פּאנדול נאָך איהר.

זעהט בערעל, אַז ס'איז שלעכט, ווייל דער פּאנדול וועט קומען אהער, וועט ער מן הסתם צו-רייסען אי די שאָף, אי איהם. נאָר ער מאַכט ביי זיך אָפּ:

— מילא, וואָס עס וועט זיין, וועט זיין! איך האָב דאָך ביי זיך אין האַנט אַ שפּיז און אין הימעל אַ גאָט. און אויף דער ווייסער שאָף איז דאָך טאַקע אַ גרויס רחמנות.

און ווי נאָר בערעל פראגער טראַכט אַזוי, איז די שאָף שוין ניט ווייט פון איהם. און איידער וואָס-זוען, האָט די שאָף גענומען לויפען אין אַ ראָד אַרום בערלען. און ווי נאָר די שאָף האָט פאַרענ-דיגט איהר ראָד, אַזוי איז אַרום בערלען געוואָרען

אַ גרויסער שיינענדיגער רינג. דעמאָלט איז די
ווייסע שאָף גלייך אַריינגעלאָפען אין רינג און האָט
זיך אַוועקגעשטעלט לעבען בערלען...

אַז דער שוואַרצער פּאַנדול האָט דאָס דער-
זעהן, איז זיין כעס געוואָרען אַזוי גרויס, אַז די שטי-
קער פייער פון זיין מויל און פון זיינע נאָזלעכער
האָבען גענומען שלאָגען אין גרויסע פלאַמען. ווי
נאָר אָבער די פלאַמען זיינען אָנגעקומען צום ווייי-
סען רינג, וואָס אַרום בערלען און דער שאָף, האָבען
זיי אויפגעהערט צו ברענען.

און דער שוואַרצער פּאַנדול איז געקומען ביז
צום ווייסען רינג און האָט גענומען אַרומלויפען
אַרום דעם רינג אַ בייזער און שרייענדיגער. ער
האָט געקריצט מיט די ציינער און געריסען די ערד
אונטער זיך. דעם רינג אָבער האָט ער ניט געקאָנט
אַריבער...

און אַז דער פּאַנדול האָט דערזעהן, אַז ס'איז
שלעכט, האָט ער זיך אַ צורייצטער אַוועקגעשטעלט
לעבען רינג אַנטקעגען בערעל פּראַגער און גענומען
בייז רעווען און שרייען, אַז בערעל זאָל איהם
אַרויסגעבען די ווייסע שאָף, ווייל שוין זעהר פיעל



דעמאָלט איז די ווייסע שאָף גלייך אַריינגעלאָפן אין רינג און האָט זיך אַוועק-
געשטעלט לעבן בערלען...

יאהרען, ווי ער יאגט זיך נאך דער ווייסער שאף און קאן זי ניט כאפען; היינטיגע נאכט וואלט ער זי געוויס געכאפט, ווען ניט ער, — בערעל פראגער.

זאגט צו איהם בערעל:

— בייזער פאנדול! דיין שרייען איז אומזיסט. איך וועל דיר די שאף ניט געבען, ווייל איך זעה דאך שוין איצט באשיינפערליך, אז מיר איז באשערט צו באשיצען די שאף; און דו, בייזע חיה, זעהסט דאך שוין אליין, אז די שאף באשיצט אויך מיך, ווייל איבער דעם רינג, וואס זי האט געמאכט ארום מיר, קאנסטו אויך צו מיר ניט צוקומען.

נעמט דער פאנדול נאך העכער שרייען און נאך בייזער רייסען די ערד אונטער זיך. און ער שטשירעט אוים זיינע שרעקליך־גרויסע צייהן, און ער זאגט:

אויב דו גיסט מיר ניט ארוים די שאף, וועל איך דא בלייבען שטעהן לעבען רינג אזוי לאנג, ביז דו וועסט שטארבען.

זאגט בערעל צום פאנדול:

— זיי וויסען, אז איך היים בערעל פראגער. און איך שרעק זיך נאר פאר גאט אין הימעל. און דו, בייזער פאנדול, געה בעסער אוועק פון דאנען און לאז די שאף צורוה, ווייל אויב נים, איז זעהסטו אט דעם שפיז. דאס איז דער שפיז פון דעם גרוי־סען ריעז, וואס האט געהאט בלויז איין אויג אין קאפ, און איך האב איהם דאס איינציגע אויג זיינס מיט אט דעם שפיז אויסגעשטאכען. איצט, זעהסטו, איז דער שפיז אין מיינע הענט.

ווי נאר דער פאנדול האט דערהערט אזוינע רייד און דערזעהן דעם שפיז, האט ער זיך גלייך דערשראקען און זיך גענומען בעטען:

— איך בין הונגעריג, איך בין הונגעריג!

זאגט בערעל צום פאנדול:

— אויב דו ביזט הונגעריג, טא נא דיר א שטיק פון מיין ברויט.

ענטפערט דער פאנדול:

ניין, ניין! מיין הונגער איז נים פאר קיין אנדער זאך, נאר פאר דער ווייסער שאף!...

זאגט בערעל פראגער:

— א, וויבאלד אזוי, — טא נא!!

און ער גיט צו איהם אַ וואָרף דעם גרויסען שפּיז.

איז דער ווילדער פּאַנדול גלייך אויפגעשפּרונגען אין דער לופטען פאַר שרעק און האָט זיך גענומען לויפען אין דער נאַכט, וואוהין די אויגען האָבען איהם געטראַגען.

אָבער וואוהין דער פּאַנדול איז געלאָפען, איז איהם דער שפּיז אַלץ נאָכגעפלויגען... און אַזוי לאַנג און אַזוי ווייט ווי בערעל פּראַגער'ס אויגען האָבען געקאָנט קוקען אין דער נאַכט, האָבען זיי אַלץ געזעהן, ווי דער פּאַנדול לויפט אום אַ ווילדער פון שרעק, און דער שפּיז לויפט אַלץ נאָך נאָך איהם...

ווען בערעל פּראַגער האָט זיך נאָכדעם אומגעקוקט, איז די ווייסע שאָף שוין געווען ווייט פון איהם.



# אין פּאַלאַץ.

האָט בערעל פראַגער נאָכדעם געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט איהם געהאָלפען ראַטעווען די ווייסע שאָף, און האָט זיך געלאָזט געהן.

און אַזוי איז ער נאָכדעם געגאַנגען אַ נאַכט און אַ טאָג, ביז אויף מאָרגען פאַרנאַכט, ווען עס איז איהם אויסגעגאַנגען דאָס לעצטע שטיקעל ברויט, האָט ער פאַר זיך דערזעהן אַ גרויסען פּאַלאַץ.

געהט בערעל צו צום פּאַלאַץ, גיט אַ קלאַפּ אין טיר און טויער, עפענען זיי זיך אויף. געהט ער אַריין אינעווייניג און דערזעהט, אַז ס'איז זעהר אַ רייכער פּאַלאַץ, פול מיט רייכע כלים, וואָס זיינען געמאַכט פון גאָלד מיט זילבער. אָבער קיין לעבע־דיגער מענש איז אין פּאַלאַץ ניטאָ...

טראַכט ביי זיך בערעל:

— וואָס הייסט ? פאַר וואָס איז דאָ קיינער
ניטאָ ?

און ער טראַכט :

דאָ איז געווים אַ נעסט פון גזלנים, וואָס קומען זיך אַהער צונויף אין מיטען נאַכט און באַהאַלטען דאָ זייערע אוצרות. דערפאַר איז דאָ איצט קיינער ניטאָ.

און ער טראַכט :

זאָל איך בלייבען דאָ, קאָנען זיי מיך נאָך הרג׳ענען. זאָל איך ווייטער לויפען, ווייס איך ניט, וואוהין. און אויב זיי טרעפען מיך אָן אין מיטען פעלד, הרג׳ענען זיי מיך דאָך סיי־ווי־סיי, און מיד בין איך אויך ; וואָלט דאָך געווען בעסער, איך זאָל זיך דאָ אויסבאַהאַלטען ביז איבערנאַכט, און אויף מאָרגען, ווען קיינער וועט דאָ ווידער ניט זיין, וועל איך מיר געהן ווייטער.

און ווי ער טראַכט אַזוי, דערזעהט ער פאַר זיך אַן אויוועז. נעהמט ער און קריכט אַרונטער אונ־טער׳ן אויווען און פאַרמאַכט דאָס טירעל אַזוי, אַז ער זאָל קאָנען זעהן, וואָס עס וועט דאָ פאָרקומען ביי דער נאַכט.

איז ווי בערעל פראַגער ליגט זיך אַזוי אונ־
טער'ן אויוועך און קוקט אַרום אויפ'ן רייכען פּאַ־
לאַץ, דערזעהט ער, ווי פאַר'ן פענסטער געהט אויף
די לבנה. און ווי נאָר די לבנה איז אויפגעגאַנגען,
אַזוי האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט דאָס קומען פון
גרויסע חיילות און דאָס שפּיעלען פון גרויסע מוזיק
קאַפּעליעס. און גלייך נאָכדעם האָבען די חיילות
גענומען אָנפילען די נאַכט מיט הילכיגע געשרייען:

דער מלך קומט אַהער!
דער מלך קומט אַהער!
עס לעבט דער מלך!
דער מלך לעבט!

האָבען זיך די מוזיק־קאַפּעליעס דערויף צע־
שפּיעלט נאָך פרעהליכער און זענען צוגעקומען גאַר
נאָהענט צום פּאַלאַץ...

פאַלט דערביי אויף בערלען אַן אַזאַ שרעק,
אַז ער קאָן אין זיך קוים איינהאַלטען די נשמה.

און דערווייל צינדען זיך אין פּאַלאַץ מיט אַ
מאָל אָן אַ סך ליכט. און אַלע זילבערנע און גאָלדענע
כלים שיינען זיך זעהר שטאַרק פאַנאַנדער. און עס
צעעפענען זיך די טירען, און עס קומט אַריין דער



איז ווי בערעל פּראַגער ליגט זיך אַזוי אונטער'ן איווען און קוקט
אַרויס אויפ'ן רייכען פּאַלאַץ, דערזעהט ער, ווי פאַר'ן פענסטער
געהט אויף די לבנה און דערהערט מיט אמאל דאָס אָנקומען פון
גרויסע חיילות.

מלך, און עס קומען אַריין זעהר פיעל הארען. און די הארען זעצען אַרויף דעם מלך מיט גרויס כבוד אויף אַ גרויסען גאָלדענעם שטול, און דער מלך זאָגט:

— ווער עס האָט עפּעס אַ קלאַג אָדער אַ משפּט, זאָל צוקומען פאַר מיר, דען איך וועל אַלע־מען ענטפערען!

זיינען אַ סך מענשען צוגעקומען און האָבען זיך פאַר איהם געקלאַגט און האָבען זיך פאַר איהם געלאָדען. און ער האָט זיי אַלעמען זעהר גוט גע־ענטפערט. און עס איז זיי אַלעמען זעהר וואויל געפעלען, און זיי האָבען זעהר שטאַרק געלויבט און געריהמט דעם מלך.

און אַזוי האָט זיך דאָס געצויגען ביז צוועלף אַ זייגער אין דער נאַכט.

ווי נאָר אָבער עס איז געקומען צו צוועלף דעם זייגער, אַזוי האָט זיך גלייך דערהערט דאָס קרעהען פון אַ האָן.

און ווי נאָר דער האָן האָט אַ קרעה געטון, זיינען לעבען מלך מיט אַמאָל, ווי פון אונטער דער ערד, אויסגעוואַקסען צוויי גרויסע גבורים. און די

גבורים האָבען גלייך אָנגעכאַפּט דעם מלך און איהם צעריסען אין שטיקער...

און אין פּאַלאַץ איז נאָכדעם קיינער ניט גע־בליבען. גלייך ווי עס וואָלט דאָרטען גאָר פון פריהער קיינער ניט געווען. און די ליכט זיינען אַלע מיט אַ מאָל אויסגעלאָשען געוואָרען. נאָר דער שיין פון דער לבנה און פון די זילבערנע און גאָלדענע כלים איז איבער דעם פּאַלאַץ פאַרבליבען.

טראַכט זיך ביי זיך בערעל פראַגער.

— וואָס זאָל דאָס אַלץ באַדייטען ?...

און ער מאַכט ביי זיך אָפּ, אַז ס'איז כדאַי אויף אַ טשיקאַוועס צו פאַרבלייבען דאַ נאָך אויף אַ נאַכט און זעהן, וואָס אדרבה וועט דאַ פאָרקומען אין דער אַנדערער נאַכט ?

און ער טראַכט:

— ממה נפשך ! האָט מיר שוין יאָ גאָט באַ־שערט צו זעהן וואונדער — טאָ לאָמיך זעהן. און ווייטער, איז דאָך גאָט אַ טאַטע. אפשר וויל דאָס טאַקע גאָט, איך זאָל דאָס אַלץ זעהן, כדי איך זאָל דאָס נאָכדעם קאָנען דערצעהלען פאַר'ן רב און פאַר אַלע אידען פון אונזער שטאָדט.

און אַז עס איז געקומען די צווייטע נאַכט, איז ווי נאָר די לבנה האָט זיך באַוויזען פאַר די פענס־טער פון דעם פּאַלאַץ, אַזוי האָט זיך גלייך ווידער דערהערט דאָס אָנקומען פון גרויסע חיילות און דאָס שפּיעלען פון גרויסע מוזיק־קאַפּעליעס. און ווידער האָבען זיך אָנגעצונדען אַ סך ליכט אין דעם פּאַלאַץ און מען האָט אַריינגעפיהרט דעם מלך מיט גרויס כבוד, און ער האָט זיך געזעצט אויף זיין שטול און האָט געענטפערט אַלעמענס בקשות. ווי נאָר אָבער עס איז געקומען צוועלף אַ זייגער, אַזוי האָט זיך גלייך דערהערט דאָס קרעהען פון אַ האָן, און צוויי גרויסע גבורים זיינען גלייך צוגעלאָפען און האָבען אָנגעכאַפּט דעם מלך און האָבען איהם צע־ריסען אויף שטיקער.

טראַכט ביי זיך בערעל פראַגער:

— טע־טע־טע! אויב שוין יאָ אַזוי, אויב אַזוי לאַנג ווי ער איז מלך, הערט ער אוים אַלעמענס בקשות, און מען פאָלגט אוים זיינע באַפעהלען, איז צו וואָס זאָל איך דאָ ליגען אונטער'ן אויוען? אַ־מעהר וועל איך דאָ בעסער אָפּוואַרטען נאָך אַ טאָג ביז אויף דער נאַכט, און ווי נאָר דער מלך

וועט דא זיין, און מ'געשען וועלען צו איהם נעהמען געהן מיט בקשות, וועל איך צו איהם אויך צוגעהן און וועל איהם דערצעהלען אלץ, וואס מיט מיר האט געטראפען, — אז איך בין דא א פארבלאנ־דזשעטער, אז איך האב שוין עטליכע טעג ניט גע־געסען, און אז איך האב אין דער היים א ווייב מיט קינדער, און אז אויב איך זאל נאך קאנען קומען א היים ביז מארגען, וואלט איך נאך אפשר זוכה געווען צו שטעהן אינאיינעם מיט אונזער רב ביי קידוש לבנה. — און אז דער מלך וועט אויסהערען מיין גאנצע קלאג, קאן דאך זיין, אז ער וועט שא־פען, מען זאל מיך אפפיהרען א היים.

— עס קאן דאך אבער אויך זיין, אז ער זאל מיך גאר הייסען הרג'ענען — זאגט בערעל צו זיך אליין.

באלד אבער ענטפערט ער זיך און זאגט:

— א איד טאר אזוי ניט טראכטען; ווייל אויב א אידען איז באשערט צו לעבען, וועט איהם גאט העלפען, און ער וועט לעבען בלייבען, און אויב ניט, — וועל איך דאך שוין דא באלד שטארבען פון הונגער...

און בערעל האָט טאַקע אַזוי געטון. ער האָט אָפּגעוואַרט, ביז עס איז ווידער געוואָרען נאַכט, און ווי נאָר דער מלך איז אָנגעקומען און האָט זיך געזעצט אויף זיין שטול, און דער עולם האָט גענו־מען צו איהם געהן מיט בקשות, אַזוי איז בערעל פראַגער אַרויסגעקראָכען פון אונטער'ן אויוועז, איז צוגעגאַנגען און איז געפאַלען דעם מלך צו די פיס און האָט איהם אויסדערצעהלט זיין גאַנצע קלאָג.

און ווי נאָר דער מלך האָט אויסגעהערט אַלץ, וואָס מיט בערלען האָט געטראָפען, אַזוי האָט ער גלייך געזאָגט:

— דיין פאַרלאַנג זאָל דערפילט ווערען!

און דער מלך האָט גלייך געשאַפען צו איינעם און געזאָגט:

— פיהר אָפּ דעם מענשען צו זיין שטאָדט!

האָט דער, וועמען דער מלך האָט געשאַפען, גלייך גענומען בערלען פאַר דער האַנט, איהם אַרויסגעפיהרט פון פאַלאַץ און גענומען געהן מיט איהם, ווי אַ ווינט וואָלט זיי געטראָגען.

אויפ'ן וועג איז בערעל פראַגער איינגעפאַ־לען:

— סטייטש! וואָס פאַר אַ פּנים האָט דאָס?

— איך האָב געזעהן אַזוי פיעל וואונדער, צום סוף ווייס איך דאָך ניט וואָס, ווער און ווען... רופט ער זיך אָן צו דעם, וואָס פיהרט איהם:

— אדוני! זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשה מיט דעם מלך, וואָס אַלע נאַכט קומט ער און קעניגט, און איטליכער גיט איהם אָפּ גרויס כבוד, און דערנאָך צערייסט מען איהם.

זאָגט צו איהם דער פיהרער:

— זיי ווייסען, אַז דאָס איז דער רוצח נ״רון. שוין אַ סך יאָהרען, אַז ער איז טויט, און ווען ער האָט געלעבט, האָט ער זעהר פיעל מענשען אויף שטיקער צעריסען, און ער איז אויך געווען אַ גרויסער צורר היהודים און האָט נאָר געוואָלט אָפּנעהמען די גאַנצע וועלט און ווערען אַ מלך איבער איהר. דערפאַר באַשאַפט מען איהם איצט יעדע נאַכט און מען קרוינט איהם פאַר אַ מלך, און ווי נאָר עס קומט דעם האָנם אויסגעשריי פון האַלבע נאַכט, צערייסט מען איהם אויף שטיקער. דאָס



און דער שפּיז וואָס דו האָסט געוואָרפן דעם פּאַנדול, פליהט נאָך אַלץ נאָך...

איז די שטראף, וואס גאט האט איהם געגעבען, ווייל גאט באצאהלט מדה כנגד מדה.

„און ווייטער דארפסטו, בערעל, וויסען, אז דו ביזט איצט אין לבנה לאנד, ווייל דיין קידוש לבנה איז שוין אהער זעהר פיעל מאל ארויפגעגאנגען, אינאיינעם מיט די ליכט פון דיין הייליגען רב, און ווייל מען האט געדארפט האבען עמיצען, וואס זאל ארויסרייסען דעם שפיז פון דעם גרויסען ריעז, ווייל נאר דורך איהם האט מען אין יענער נאכט געקענט ראטעווען די ווייסע שאף פון דעם בייזען פאנדול.

„און דער שפיז, וואס דו האסט געווארפען דעם פאנדול, פליהט איהם נאך אלץ נאך.

„און ער וועט איהם נאך נאכפליהען ביז אין דעם סוף פון די טעג.

„און ווען דער שפיז וועט טרעכען דעם פאנדול אין קאפ אריין, דעמאלט וועלען אלע מענשען אויפגעריכט ווערען."

און אזוי האט דער פיהרער די גאנצע צייט גערעדט צו בערעל פראגער און איז מיט איהם אלץ געגאנגען, ווי דער ווינט וואלט זיי געטראגען.

מיט אַ מאָל אָבער האָט זיך דער פיהרער אָפּ־געשטעלט און אויסגערופען:

— הויב אויף דיינע אויגען בערעל:

הויבט בערעל אויף זיינע אויגען און דער־זעהט, אַז ער איז שוין אין פּראַג...

און איידער וואָס־ווען זאָגט דער פיהרער צו איהם:

— זיי וויסען, אַז איך קאָן שוין מיט דיר ווייטער ניט געהן. און איידער איך ווער ניט לע־בען דיר, האָב איך דיר נאָך צו זאָגען איין זאַך:

— געדענק, דו ביזט אַזוי פיעל נסיונות אויס־געשטאַנען, שטעה אויס נאָך איין נסיון: —

— זיי וויסען, אַז כאָטש דו זעהסט שוין פאַר זיך דיין שטאָדט פּראַג, ביזטו פונדעסטוועגען נאָך אַלץ אין לבנה־לאַנד, און אויב דו ווילסט באמת קו־מען אַהיים, טאָרסטו ניט מפסיק זיין, פון איצט ביז דו טרעטסט אַריבער די שוועל פון דיין הויז. וואָרים טאָמער רעדסטו אויס אַ וואָרט מיט עמי־צען, איידער דו ביזט אַריין צו זיך אין הויז, וועט זיין שלעכט מיט דיר...

און ווי נאָר דער פיהרער האָט דאָס אָפּגע-
זאָגט, איז ער ניט געבליבען.

און בערעל פּראַגער איז זיך געגאַנגען אַליין
אַ היים איבער די פּראַגער גאַסען און האָט גוט אין
זינען געהאַט, אַז ער זאָל מיט קיינעם קיין וואָרט
ניט ריידען, ביז ער וועט אריינגעהן צו זיך אין הויז.

ווי נאָר אָבער בערעל קומט פאַר זיין טיר,
דערזעהט ער זיין ווייב אַרויסקומען פון הויז —
דערפרעהט ער זיך זעהר, און ער פאַרגעסט זיך אַן
אַלץ און פרעגט:

— וואָס מאַכסטו, מיין ווייב ?!...

און ווי נאָר ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט, אַזוי
האָט עס איהם גלייך אַ הויב געטאָן אין דער לופטען
זיבען מייל הויך, און עס האָט איהם גענומען טראָ-
גען איבער'ן הימעל אַזוי שטאַרק, אַז ער איז שיער
צעשאָטען געוואָרען.

איז אָבער גראָד דעמאָלט דער פּראַגער רב
אַרויסגעגאַנגען מיט אַ גרויסער עדה אידען און האָט
זיך מיט זיי אַוועקגעשטעלט אין מיטען מאַרק
מחדש זיין די לבנה. און זיינע אויגען האָבען זיך
פאַנאַנדערגעלויכטען, און זיין הויכער שטערען און

זיין זילבערנע באָרד האָבען פון זיך אַרויסגעגעבען דעם וואונדערבאַרען שיין, וואָס מ'האָט געקאָנט זעהן פאַר מייל. און ווי נאָר עס איז געקומען צו „שלום עליכם, עליכם שלום", האָט דער רב אויפגעהויבען זיין וואונדערבאַרען שיינענדיגען פנים און האָט אויסגעשריען:

— שלום עליכם!

אזוי האָט עס בערלען גלייך גענומען ציהען אַראָפּ.

און ער איז אַראָפּגעפאַלען לעבען רב געזונד און פריש.

און ער איז געבליבען שטעהן אויף זיינע פיס, און האָט געענטפערט:

— עליכם שלום!



